י. ל. יאָלאָמוטס

# מעשה'לעך

פאַר אידישע קינדער

א

## דאָס צויבער שטעקעלע

ב

## צווי ברידער

ג

## אַמאָל איז געווען אַ מלך

פערלאג "מעשה'לאך"   סט. לואיס. מא.




א.

אמאל איז געווען א איד מיט א אידענע האבען זיי געוואוינט אין א דארף אין א קליין שטיבעלע און כאָטש זיי זיינען געווען זעהר ארעם, האבען זיי דאך געלעבט שטיל און צופריעדען, ווייל זיי האבען קיין סך ניט בענעהרט.

יעדען פריה-מארגען פלעגט דער איד אויפשטעהן גאנץ פריה, ארויסגעהן אין וואלד, אָנהאקען האלץ און צוריקקעהרען אהיים מיט א ברכה אויף די ליפען:

-- געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, ס'וועט שוין זיין ווארעם אין שטיבעלע.

און אז די אידענע פלעגט צוגרייטען אַ קאָליש פון עטליכע גריץ אויף אָנבייסען, האָט זי קיינמאָהל ניט פערפעהלט צוצוגעבען:

— געלויבט איז גאט, וואס פערלאזט ניט!

און נעהט אַמאָל אַן אָרעמאַן דאָס דאָרף פערביי, לויפט מען איהם אנטקעגנען, מען פער-בעט איהם אין שטיבעלע אריין אויף וועטשערע און נאכט-לעגער, און צו מאָרגענס שטופּט מען איהם אריין א ברויט מיט ציבעלע אין טאָרבע און א פּאָר גראָשען אין האנד, ס'זאָל איהם קלעקען ביז אַ צווייטען דאָרף און מיט אַ ברכה בעגלייט מען איהם: נעהט געזונד, זייט מצליח!

אזוי האט דער איד מיט דער אידענע אָפּגע-לעבט אַ סך מיט יאָהרען. שא—שטיל, פרום און אָהן זאָרג. —

ב

אײנמאָל אויף זיין געלעגער הערט דער איד ווי דאס ווייב האָט אַ זיפּץ געטהאָן, רעדט ער זי אויס:

— וואָס זינדיגסטו מיין ווייב? אמת קיין נגידים זענען מיר ניט, אָבער פארהאן נענוג האָלין אין נאט'ס וואלד, און א שטיקעל ברויט שיקט אויך נאָט צו. דארפסטו ניט זיפצען.

כ'ל דיר זאָגען דעם אמת, מיין מאן, נור איינס וואָלט איך וועלען פועל'ן ביי נאָט. אַ קדיש אויף נאך'ן טויט. וואס וועט ווערען פון אונז איבער הונדערט יאָהר, אָהן א קדיש?..

— נאַט פיהרט די וועלט און ווי ער פיהרט אזוי איז רעכט! ענטפערט דער מאן.

— ג —

איינמאָל ווינטער איז דער מאן, אויף זיין שטיינער ארויס און וואלד אריין נאָך אַ ביסעל האָלץ. דער הימעל איז געוועזן ריין און דער פראסט האָט געברענט מורא׳דיג שטאַרק, איז פלוצלונג געוואָרען א ווינד און אַ זאַווערוכע אַז עס האָט איהם געציטערט דאָס לייב פאר קעלט, נור דער איד נעהמט זיך זיין וועג׳ס, דערשלעפּט זיך צום וואלד, האקט אַ ביסעל נאָך אַ בויטעל מיט פערשטאַרטע פינגער, ביז ער האָט מיט גרויס מיה קוים-קוים אָנגעקליבען אַ בינטעל האָלץ און ער לאזט זיך געהן אַ היים, נור דער וועג איז שוין געוועזן פערבלאָזען פון דער זאַווערוכע, געהט ער און געהט אַ שעה און צוויי און דריי, ער האט שוין לאַנג גערארפט זיין אַרויס פון וואלד, נור עפּעס אַ כישוף איז איהם געשעהן. ער קען פון וואלד ניט אַרויס. דער ווייל דערהערט ער ווי אימיצער קרעכצט אַזוי שווער, אַזוי מורא׳דיג:

— אוי, אוי, ראטעוועט האט רחמנות!

דערקענט ער אז דאס איז אַ אידיש קול, פער־געסט ער אָן דער קעלט, ער פערגעסט אפילו אז ער בלאנזשעט נור לאזט זיך געהן נאָכ׳ן קול נאָך, נאָך

די קרעכצען. ער קומט צו, זעהט ער ווי אונטער
אַ באַרג מיט שנעע ליגט אַן אַלטער איד, און קען פון
באַרג שנעע ניט אַרויסראַטשקען זיך, און פון קעלט
איז קוים וואס ער זשיפעט נאך.

נעמט ער מיט די פערשטאַרטע הענד און
רייניגט און שאַרט אָב דעם שנעע און דאנקען נאט
ער האָט דעם אידען אַרויסגעראטעוועט און זאגט
איהם:

— שרעקט אייך ניט. נאט פערלאזט ניט, קומט
מיט מיר. איך וואוין דא ניט ווייט אין דארף. איהר
וועט עפעס איבערבאַפען און איבערנעכטיגען וועט
אייך ארויס די קעלט פון די ביינער.

און אזוי ווי ער רעדט, זעהט ער ווי דער
הימעל איז ווידער געוואָרען לויטער, עס פינקלען
שוין שטערן און ער דערקענט שוין דעם וואלד און
דעם וועג. פיהרט דעם אידען פאר איין האנד און
מיט דער אנדערער דאס בינטעל האָלץ, און אָט
זעגען זיי שוין אַרויס פון וואַלד, אָט זעהן זיך שוין
פייערלאַך פון דאָרפישע הייזלעך. אָט זעגען זיי שוין
לעבען דער היים, דאס ווייב האָט זיך שטאַרק
דערפרעהט.

שוין אַזוי לאַנג, אַז די ביזט איזעק, גוט
באַטש וואָס נאָט האָט צוגעשיקט אַן אורחה צו
וועטשערע.

# דאס צויבער שטעקעלע



..... פיהרט דעם אידען פאר איין האנד און מיט דער
אנדערער דאס בינטעל האלץ און אט זענען זיי שוין ארויס
פון וואלד.

דער אלטיטשקער האָט זיך אָנגעוואָרעמט אָב-
גענעסען און אַ געלעגער האָט מען איהם געמאכט
אונטער'ן אייווען. און ער איז איינגעשלאפען אין דער
וואַרעם.

— ד —

אין דער פריה מען שטעהט אויף. דער אלטיטשקער
איז ניטאָ.

—אהן אַ גלעזעל וואַרעמס, אָהן אַ שטיקעל
ברויט, געביך אַוועק, זאָרגט זיך די אידענע. אַזוי ווי
זי נעמט זיך פאַרבעטען דאס געלעגער, געפינט זי
אונטער'ן אַלטיטשקענ'ס צוקאָפּענס אַ שטעקעלע. אַ
קליין ווייס שטעקעלע מיט אַ זילבער'ן גלאנץ, כאָטש
שפּיגלען זיך אין דעם. ווייזט זי דאָס דעם מאַן. זאגט
דער מאַן:

—דאָס האט דער אלטער אין אייל'עניש געמוזט
פערגעסען. ער וועט מן הסתם באַלד צוריקקומען נאָך
דעם. אָבגעזאָגט געהט ער אַרויס, אפשר וועט ער
איהם נאָך אָניאָגען, נעמט זי דערווייל דאס שטע-
קעלע און לענט עס אַוועק אויף דער ערד אין אַ ווינקעל
לעבען בינטעל האָלץ. אַזוי ווי זי ניט זיך אַ דרעה
אַוועק הערט זי ווי עפּעס רודערט זיך אין ווינקעל—
קליפּ קלאַפּ, קליפּ קלאפּ קליפּ— אַ וואונדער איז געשעהן:
פון בינטעל האָלץ איז אַרויסגעוואַקסען אַ וואַנט מיט

האָלץ ביז'ן סטעליע!

—נאָטס וואונדער. ניט אנדערש, אַז דאָס איז אַ צויבער שטעקעלע, טראכט זיך די אידענע, הויבט עס אויף און אַזוי ווי זי שטעהט לעבען טאָרבעלע מיט גריין און דארף נעמען — אַ זשמעניע גריין אויף אָנבייסען. ניט זיך דאָס שטעקעלע אַ ריהר אָן אין טאָרבעלע. הויבט דאָס טאָרבעלע אָן וואקסען און וואַקסען, ביז עס שטעלט זיך אַוועק אַ זאַק מיט גריין פון דער ערד ביז'ן סטעליע!

דאנקען גאָט! ס'וועט [illegible] זיין האָלץ אויף אַ גאנצען ווינטער און גריין פאר אַ שאָק מיט אָרעמעלייט. צום בעטיילען! פרעהט זיך די אידענע נור ווי גיט מען זיך אַן עצה. מיט'ן שטעקעלע? אזאַ שטעקעלע דארף מען היטען ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

נעהמט זי און לעגט עס אריין אין קופערט וואו עס ליעגען די פּאר זילבערנע לעפעל, גאָפּעל מעסער וואָס זיא האָט נאָך פון דרשה-געשאנק צו איהר התונה.

אַזוי וויא דאָס שטעקעלע האָט זיך נור אנ-גערירט אַן גאָפּעל, מעסער, האָט עס אָנגעהויבען צו קלינגען און רינגען און פאר איהרע אויגען איז אויסגעוואַקסען אַ באַרג מיט גאָפּלען און מעסער לעפעל און לעפעלעך, ווי גרויס דער קופערט איז

געוועזן אזוי פיעל זילבער האָט זיך אָנגעפּולט.

— נאָט, נור אויף אידישע שמחות, ברית'ן אין התונות עס צו פענוצען,—ווינשט זיך די אידע-נע און לעגט נאָך צו: זיכער איז עס אַ וואונדער-שטעקעלע, אַ צויבער שטעקעלע. וואו אַ שטייגער קען מען פאָרט בעהאַלטען אַזאַ מין שטעקעלע?

אין אַ שופלאָד איז ביי דער אידענע געלעגען אַ קניפּעל מיט עטליכע זילבערנע און קופּערנע גראָשען, פון זיי פלעגט זי טיילען צדקה צו אָרעמע לייט, ניט זי אַ טראַכט: אָט לעבען די דאָזיגע עטליכע גראָשען איז יאָ אַ פּלאַן דאָס שטעקעלע אַוועקצולעגען, נור וואַרט,—זאָל זיא נור גוט בע-טראַכטען: צו וואָס טויג איר דאָס גאנצע עשירות, אז זי איז אַן עקרה. קיין קינד—קיין רינד. איז איידער זי לעגט אַוועק דאָס שטעקעלע צווישען די קופּערנע מטבעות, ניט זי אַ זאָג,

—רבונו של עולם, טאָמער איז מיר באַשערט רייכקייט און אַל-דאָס—גוט'ס אויף דער עלטער, בעט איך דיך, גיב זשע מיר אַ זוהן אַ קדיש, וואָס זאָל דיין תורה לערנען און דיין נאָמען לויבען, און דערנאָך אַז דו וועסט מיר וועלען געבען עשירות וועל איך דערמיט גרויס צדקה טאָן, און ווען ניט, וועל איך אויך דיין נאָמען אייביג בענטשען, נור טאָמער, חס ושלום איז מיר קיין קינד ניט באַשערט,

בעט איך ביי דיר, גרויסער גאָט, גיב מיר ניט קיין עשירות, ווייל איך וועל עס אין קבר סאי ווי סאַי ניט מיטנעמען. און אַזוי ווי זי האָט גע-ענדיגט האָט זי אַוועקגעלעגט דאָס שטעקעלע לעבען דאס ביסעל מינ׳ן און עס האבען זיך אנ-געהויבען קייקלען אַלערליי מטבעות, קופער און זילבער און גאָלדענע רענדלעך און דוקאַטען, אהן אַ שיעור, אָהן אַן ערך.

און אויפ׳ן האַרצען איז איהר געוואָרען אַזוי גרינג, זי האָט דערפיהלט, אַז גאָט אין הימעל האָט איהר תפלה דערהערט.

דערווייל האָט זיך געעפענט די טהיר און איהר מאן, אינאיינעם מיט׳ן אלטיטשקען זענען אריינגעקומען פון גאס. לויפט זי זיי אנטקעגען, דערצעהלט זיי גאָט׳ס וואונדער. און וויל זיי ווייזען דאָס שטעקעלע. —ערשט דאָס שטעקעלע איז נעלם גרווארען. רופט זיך אָן דער אלטיטשקער:

—וואָס טויג אייך דאָס שטעקעלע, ווען אין אייער האַר׳ן איז דאָ אַזאַ שטאַרקער בטחון?

—פאר אייער בטחון האָט אַייך גאָט געבענטשט מיט אַזוי פיעל עשירות און האָפט ווייבער, טועט צדקה און ווען אייער זוהן וועט וואַקסען פלאַנצט איין אין זיין האַרצען די מדה פון בטחון צו גאָט און רחמנות צו ארעמע לייט און— מזל טוב אייך!

ה

א צווייטען מאָל איז דער אלטער פערשוואונדען. דער איד מיט דער אידענע זענען אויפגעריכט געוואָרען, עס איז ביי זיי געבארען געוואָרן אַ זוהן, וואָס איז געוואָקסען אין עושר און כבוד, און ביז אין פיערטען דור האָט דער איד מיט דער אידענע געלעבט און זיי האָבען זייערע אייניקלאַך כסדר דערצעהלט דאָס מעשה'לע פון דעם צויבער שטעקעלע.

# צוויי ברידער



די רייכע פרוי דערזעהט די ארעמע פרוי ווי יענע שטעהט, טיילט די קינדער עסען און אלע ווארטען מיט פרעהליכע פּנים'ער, מיט אויסגעשטרעקטע הענטלאך אויף א ראָבּטעל ברויט מיט א קווערטעל וואסער.



# צווי ברידער

א

א מאָל זענען געווען צוויי ברידער, אַ רייכער און אַן אָרעמער. דער אָרעמער האָט געהאט אַ סך קינדער און דער רייכער האט גאר קיין קינדער ניט געהאַט. דער אָרעמער האָט געוואוינט אין אַ פיצעלע שטיבעלע הינטער'ן שטאָדט און דער רייכער אין אַ גרויסען פּאַלאַץ מיט אַ שעהנעם גאָרטען פול רויזען און קוויטען ארום פּאַלאַץ.

דער רייכער האָט פערמאָגט אַ סך משרתים מיט דיענסטען, און דער אָרעמער איז געווען אַ משרת ביי אַן אַנדערען און פלעגט אפילו טראָגען ציגעל און קנעטען לעהם—אבי צו פערדיענען דאָס שטיקעל ברויט.

דעם רייכען'ס ווייב האָט זיך געבאָדען אין כל טוב, אין עושר און אין כבוד און דעם אָרעמען'ס

ווייב האָט תמיד געוואשען וועש. ביי טאָג פרעמדע און ביי נאַכט איינענע.

און אַז ס׳איז געקומען אויף דער נאַרט האָט ביי דעם רייכען אין פּאַלאַץ געברענט אַ סך גרויסע לאָמפּען און מען האָט געגרייט אַ שעהנעם טיש מיט אַ רייכער וועטשערע און ביים אָרעמען האָט געצאַנקט אַ קליין קאַניצעל אין אַ ווינקעלע און וועטשערע איז געווען אַ טרוקען שטיקעל ברויט מיט וואַסער.

דער אָרעמער ברודער האָט דעם רייכען ליעב געהאַט נור ער האָט זיך פאר איהם ניט געוויעזען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט, אַז דער רייכער זאָל מיינען אַז ער איז איהם מקנא.

דער רייכער איז צו דעם אָרעמען אויך ניט געגאַנגען, אויס מורא אַז ער וועט איהם דארפען טאָן טובות.

—אַ לעבערדיגען זאַק קען מען ניט אָנפילען, האָט ער זיך געטראַכט.

און אַזוי איז אַוועק אַ שטיק צייט, און זיי האָבען זיך פערגעסען איינער אָן דעם צווייטען.

ב

ויהי היום. קומט אַמאָל דער רייכער אַהיים

צו וועטשערע, די לאָמפּען בּרענען אַלע, דער טיש איז געשפּרייט, דאַכט זיך, עס דאַרף זיין ליכטיג. דאָס בּרויט און די פיש, דער וויין און דאָס פלייש אויפ'ן טיש, עס דאַרף פינקלען און שמעקען אַ מחיה. נור אַ כשוף, עס איז ניט ליכטיג, ניט פרעה־לאך, עס פעהלט עפּעס!

דאָס ווייב זיצט בּיים טיש אין אַ ווייסען קלייד און וואַרט, אַז דער מאַן זאָל זיך זעצען עסען. נור ער דרעהט זיך און טאַפּט די ווענט.

—פאַר וואָס איז ניט ליכטיג? פרעגט ער דאָס ווייב.

—עס בּרענען אַלע לאָמפּען! ענטפערט זי איהם, און פערשטעהט ניט, וואָס איז איהם געשעהן, וויל זי איהם בּערוהיגען, ניט זי איהם אַ זאָג:

—אפשר קלעמט דיר דאָס האַרץ, זעץ זיך עסען.

זעצט ער זיך עסען, שטעלט זיך איהם דער ערשטער בּיסען אין מויל, און וויפיעל ער מאַרטערט זיך ניט, דעם בּיסען אַראָבּשלינגען, קען ער ניט, ווערט ער שוין בּייז און צושרייט זיך:

—דאָס עסען האָט ניט קיין בּרעקעל טעם, ניט אין מויל צו נעהמען!

פערענטפערט זיך דאָס ווייב:

—מען דאַרף בּייטען די קעכין, זי האָט היינט צוויי מעלער אויך צובּראָכען! און זי רעדט

איהם אַיין.

—טרינק אַביסעל וויין, וועסטו קענען עסען.

נעמט ער אַ טראָפּען וויין אויף דער צונג, גאַל, חלשות און ער וואַרפט דאָס גלעזעל צו דער ערד.

—כ'שלאָגט צום האַרצען!

ווייסט דאָס ווייב שוין ניט ווי אַזוי איהם צו בערוהיגען, זאָגט זי איהם:

—ביזט היינט ניט מיט אַלעמען, געה לעג זיך שלאָפען. וועסט אויפשטעהען וועסטו זיך פיהלען בעסער.

פאָלגט ער זי און געהט זיך צולעגען, און ער קאַטשעט זיך פון איין ברעג בעט צום אַנדערען, דרעהט זיך אויף אַלע זייטען, נור ביז אין דער פריה קען ער אפילו מיט קיין אויג ניט צומאַכען.

— ג —

אזוי געהט אַוועק אַ וואָך, אַ חודש, אַ יאָהר, ער עסט ניט, ער טרינקט ניט, ער שלאָפט ניט, איינמאָל האָט נאָט געהאָלפען, ער האָט אַ דרעמעל געטאָן, איז די באָבע צו איהם אין חלום געקומען און האָט איהם געזאָגט:

—זוהן מיינער, איך האָב פאַר דיר אַ רפואה: אַז עס וועט נאַכט ווערען זאָלסטו אַרויסגעהען פון שטאָדט מיט די זייטיגע געסלעך און אַזוי זאָלסטו

געהן און געהן, ביז דו וועסט אַרויס פון שטאָדט, וועסטו שוין מעהר ניט זעהן ווי פעלד. זאָלסטו געהן און געהן איבערען פעלד, ביז דו וועסט דערזעהען אַ קליין שטיבעלע מיט אַ שטרויענעם דאַך.

ער הערט זיך איין צו דער באָבעס רייד, ער וואָלט וועלען הערען וואָס דער סוף וועט זיין. ווי אַזוי וועט ער די רפואה בעקומען-נור ער כאַפּט זיך אויף.

דערצעהלט ער קיינעם נאָר ניט און ער־צעהלט די מינוטען, ס'זאָל שוין נאַכט ווערען.

נאָט האָט געהאָלפען ס'איז נאַכט געוואָרען. געהט ער און פערלאָזט די שטאָדט. ער איז שוין אין פעלד, ער געהט און געהט, ביז ער האָט דערזעהען אַ פּיצעלע שטיבעל מיט אַ שטרויענעם דעכעלע. פּונקט ווי די באָבע האָט איהם אויסגעמאָלט. שטעלט ער זיך אונטער'ן פענסטער און ער זעהט אין אַ ווינקעל פון שטיבעל צאַנקט אַ קליין לעמפּעלע. נור וואונדערליך, דאָס שטיבעלע באָדט זיך אין ליכט.

אַ פּנים, אַז איטיצער האָט איהם דערזעהען, ווייל ער הערט ווי מען רופט אַזוי פריינדליך: קומט אַריין, קומט, מען שלאָפט נאָך ניט.

ער געהט אַריין זעהט ער זיך אַ ווייבעל שטעהט מיט אַ פאַרטוך ברויט, שוואַרצע ראָזעווע ברויט לעבען אַז עמער וואַסער. אַרום אַ קופּע

קינדערלאַך און זי טיילט יעדען קינד אַ רייפּטעל ברויט מיט אַ קווערטעל וואַסער.

אַזוי ווי ער שטעהט און וואונדערט זיך, האָט איהם דער אָרעמער ברודער דערקענט, כאַפּט ער איהם אַרום און ער הויבט איהם אָן האַלזען און קושען.

—טייערער ברודער. זיסער ברודער, ליעבער ברודער!

און ער בעט איהם זיצען.

—ס'אַר'אַן אָנגעלעגטער גאַסט' און מען דער-לאַנגט איהם אויך אַ רייפּטעל ברויט מיט אַ קווערטעל וואַסער.

—,ווער קען עסען?' ענטפערט דער רייכער ,איך האָב ערשט געגעסען וועטשערע'. מחמת ער שעהמט זיך זיינע צרות צו דערצעהלען, ער קוקט נור און גאַפט, ווי אַזוי מענשען זיצען און שלינגען טרוקען ברויט מיט אַזאַ חשק און ניסען אין זיך וואַסער. פּשוטע וואַסער.

—איך מוז ביי דיר עפּעס פרעגען, ניט ער אַ זאָג צום ברודער.

מיט פערגעניגען, פרעג, ענטפערט דער ברודער.

—אַזאַ קליין נישטיג לעמפּעלע ביי דיר און איך קען זיך ניט אָבוואונדערען פאַר וואָס ס'דאָ אזוי ליכטיג, אַ מחיה!

—,ווי גרויס איז דאָס גאַנצע שטיבעלע?
ענטפערט דער ברודער:

—אַ קליין שטיבעלע, אַ קליין לעמפעלע.

גערט דער רייכער אַהיים, זעהט ער ווי אַלע לאָמפען ברענען, נור ס׳איז שטאָק פינסטער, זאָגט ער דער ווייב:

—הייס דעם משרת אויסדרעהן אַלע לאָמפען, סיי ווי זעהט מען גאָר ניט.

אַליין איז ער אַוועקגעגאַנגען אין אַן אויבערש־טען קעמעריל אויפ׳ן בוידעם און האָט אָנגעצונדען אַ קליין לעמפעלע, איז איהם באַלד ליכטיג געוואָרען אין די אייגען.

ד

אַז דאָס ווייב האָט געזעהן, אַז ער איז ניטאָ אין זאַאַל, איז זי איהם געלאָפען זוכען. זי קומט אין שפייז-צימער, זי מאַכט ליכטיג, ער איז ניטאָ, זי זוכט איהם אין קאַבינעט-ניטאָ, גערט זי אין שלאָפצימער, ניטאָ, אין גאָרטען, ניטאָ. טראַכט זי זיך:

—אפשר גאָר אין אויבערשטען קעמערעל, אויפ׳ן בוידעם? קומט זי אַריין אין דעם קעמערעל, עס ברענט אַ קליין לעמפעלע, קוים וואָס עס צאַנקט און ער

זיצט אויף דער ערד אין אַ ווינקעל, לאַכט זי פון איהם.

—אונטען אין די פּאַלאַצען זענען דאָ אַזוי פיעל לאַמפּען, שרייסטו אַז דיר איז פינסטער. און דאָ אויפ'ן בוידעם, ביי דעם פערראויכערטען קאַניצעל, איז דיר ליכטיגער?

—יאָ', ענטפערט ער, דאָ איז ליכטיגער.

און וואָס זי צורעט ניט מיט איהם, ער זאָל אַרונטער געהן, קען זי ביי איהם ניט פּועל'ן.

—אָבער עסען מעגסטו דאָך געהן! טענה'ט זי צו איהם.

—וואָס האָסטו צום עסען? פרעגט ער זי.

—ווייס ברויט געפּרעגעלט אין אייער, העלזע־לעך פון טייבעלעך און לעבערלעך,

—ניין, ענטפערט ער, דאָס וויל איך ניט.

—אפשר אַ פליגעלע פון אַ קאַטשקעלע, אָדער אַ שטיקעל ביילּיק?

—ניין.

נון, איז פאַראַן אַ שיסעלע אויבערשטע סמע־טענע מיט אַ גלאָז פרישע מילך.

ניין, און ניין, וואָס זי רעכענט איהם ניט אויס פון דאָס שעהנסטע און בעסטע, ריהרט ער זיך ניט פון אָרט. ביז זי ווערט ברוגז און שרייט אויף איהם אָן.

-ניט אַנדערש, נור דו ביזט משוגע געוואָרען, און זי גיט אַ קלאַפּ מיט דער טיהר און לאָזט איהם איבער אויפ׳ן בוידעם.

ה

זיצענדיג אין קאַמערעל אויפ׳ן בוידעם איז ער איינגעשלאָפען.

קומט איהם די באָבע אַ צווייטען מאָל צו חלום.

-געה מיין קינד, געה, זאָגט זי איהם, געה אין דעם קליינעם שטיבעלע דאָרטען אויפ׳ן פעלד, וועסט האָבען די רפואה. און ער כאַפּט זיך אויף.

קומט פאַר נאַכט, געהט ער ווידער אַרויס פון שטאָדט און געהט אַזוי ביז ער איז ווידער געקו-מען צו דעם קליינעם שטיבעלע, דערפרעהט זיך ווידער דער ברודער מיט איהם.

-טייערער ברודער, זיסער ברודער, ליעבער ברודער, ס׳אַרא נאַסט!

און אַזוי ווי דאָס ווייב טיילט די קינדער ברויט מיט וואַסער, פאַר וועטשערע, פרעגט זי איהם:

-אפשר וועט איהר היינט האָטש עסען מיט אונז?

קען ער שוין ניט פערלייקענען און ענטפערט:

—יאָ, היינט וועל איך טאַקע עסען מיט אייך!

און זי דערלאַנגט איהם אויך אַ קווערטעל וואַסער מיט אַ רייפטעל שוואַרצען ברויט, ער נעמט אַ ביסען אין מויל — צוקערלעקאַך דאַרף נאָר קיין בע-סער'ן טעם ניט האָבען. ער עסט מיט חשק, ער שלינגט דאָס ברויט און דערקוויקט זיך דאָס האַרץ, אַז זיי פערקוקען זיך, נעמט ער אַ רייפטעל ברויט און בעהאַלט אין קעשענע. ער טרינקט אַביסעל וואַסער—שאַמפּאַניער האָט ניט אַזאַ געשמאַקען זאַפט אין זיך, טעם גן עדן!

אָבגעגעסען קען ער זיך ניט איינהאַלטען און ניט אַ זאָג צום ברודער:

—איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, איך ווייס ניט ווי אזוי קומט אַזאַ געשמאַקער טעם אין דעם ברויט מיט וואַסער?

—וואָס פערשטעהסטו ניט, ברודער'ל, ענט-פערט דער אָרעמער, אָט דאָס פערדינען מיר, אָט דאָס פערלעבען מיר, דאַנקען גאָט דערפאַר.

געהט ער שוין אַהיים. ער קומט אַריין, דער טיש איז געגרייט, נור דאָס ווייב איז ניטאָ.

—וואו איז די בעל הבית'טע? פרעגט ער ביי דער דיענסט, ענטפערט זי איהם, זי ליגט צו

פעט.

נעהט ער שוין אַריין צו איהר אין שלאָפצימער אין גיט אַ פרעג:

—וואָס זשע, ביזט שוין אויך קראַנק?

יאָ, מיין מאַן! ענטפערט זי איהם, איך בין דיר שוין צו גלויבען געקומען, עס איז מיר פינסטער אין די אויגען, איך זעה ניט די ליכטיגע וועלט, צוועלף לאָמפען האָב איך שוין געהייסען צינדען אין עס העלפט ניט. גיט ער איהר אַ זאָג:

—אַנו, קום מיט מיר?

און ער פיהרט זי אַריין אין דעם קעמערעל, וואָס אויפ'ן בוידעם און צינדט אָן דאָס קליינע לעמפעלע און גיט איהר אַ זאָג:

—און אַצינד זעהסטו?

—יאָ, אַצינד זעה איך! און זי רייבט זיך די אויגען פערוואונדערט.

—בין איך שוין הייסט עס ניט משוגע?

—ניט אַנדערש, זאָגט זי, סיידען מיר זענען ביידע משוגע, אָדער ס'איז אַ כשוף.

—און עסען ווילסטו? פרעגט דער מאַן.

—יאָ, ענפערט זי, אָבער איך קען ניט, דער ביסען קריכט ניט אין האַלז אַריין.

שלעפט ער אַרויס פון קעשענע דאָס שטיקעל ברויט און דערלאַנגט איהר.

—נאַ, עסס.

—ווייל זי דערויף ניט קוקען.

—ס'שוואַרץ ווי סאַזשע, און דאַר ווי אַ שפּאָן! טענה'ט זי, ווי נעמט מען אַזעלכעס אין מויל אריין?

—נעהם עסס און רעד ניט, זאָגט ער איהר.

זי נעמט עסען, עס עסט זיך און ס'געשמאַק און בעטעמ'ט.

—שוין לאַנג, זאָגט זי, אַז איך האָב אַזאַ טעם אין קיין עסען ניט געפּיהלט.

און זי דערמאָנט זיך, מיידעלווייז, כלה'ווייז, אַז די באָבע האָט נאָך געלעבט, פלעגט זי מאַכען אַזעלכע קאָרזשיקלעך, זי בעלעקט זיך. אפשר נאָך אַ שטיקעלע?

—ניין, מעהר האָב איך ניט. ענטפערט ער.

—איצט, קום שלאָפען, זאָגט זי איהם.

געהן זיי צוריק אַרונטער, ליגעןביידע אַ שעה, צוויי און דריי, דער זייגער איז שוין צוועלף, אַנט-רונען געוואָרען דער שלאָף, רופט ער זיך אָן צו איהר:

—ווען דו פוילסט זיך ניט, מאַך איך מיט דיר איצט אַ שפּאַציר.

—נאָך האַלבע נאַכט?

—אַז שלאָפען קענען מיר סיי ווי סיי ניט,

ענטפערט ער:

זי האָט ניט געוואָלט, ניט געוואָלט און האָט זיך אָנגעטהון. פיהרט ער זי מיט זייטיגע שמאָלע געסלעך, אַרוים דער שטאָדט.

—אין מיין לעבען—זאָגט זי, בין איך דאָ ניט געוועז, ווער וואוינט דאָ?

—מענשען!

—אַ זעלבע ווי מיר?

—אפשר ניט אַזעלכע רייכע ווי מיר זענען, ענטפערט ער, דערווייל קוקט ער זיך אום, דער-קענט ער שוין דעם ברודער'ס שטיבעלע, גיט ער איהר אַ זאָג.

—זעהסטו; מיין ווייב, דאָ וואוינען גליקליכע מענשען.

וואָס זשע, נאָך רייכערע פאַר אונז? וויל זי טרעפען.

—יאָ.—פיהרט ער זי צו אונטער'ן פענסטער און זאָגט איהר:

—דו הערסט ווי מען כראָפּעט, אינווענינג? אָט דאָס הייסט געשלאָפען, און הנאה געהאַט פון דעם לעבען אויף דער וועלט!

—ווער זשע פאָרט, וואוינט דאָ? ווערט זי ניי-געריג.

—מיינער אַ ברודער, מיט אַ ווייב, מיט אַכט

קינדער.

—אין אָט דער כאַטקע ?

—יאָ, ענטפערט ער איהר, צעהן מענשען שלאָפען איצט דאָ, און אַלע זענען פריש און געזונט!

—מוז איך מאָרגען געהן און אַ קוק טהון!

און זיי געהען צוריק.

ז

אזוי ווי ס'נור טאָג געוואָרען, האָט זיך דאָס רייכע ווייבעל ניט געקענט דערוואַרטען, און איז אַליין אַוועקגעלאָפען צוריק אַ קוק טאָן. וואָס ס'טוט זיך אין שטיבעלע.

זי קומט צוגעהען, די טיהר שטעהט אָפען, קינדער, האַלב נאַקעטע, באָרוועסע, שפּרינגען אַרום און טאַנצען אין דרויסען און שעפּען נחת. וואָס די פוינעלאַך צושלעפּען די שטרויעלאַך פון דאַך.

און אַלע קינדערלאַך, אַזעלכע שעהנע, געזונטע, פרישע מיט פאַרביגע בעקעלאַך, און רונדע שעהנע מיילכעלאַך און געגרייזעלטע קעפּעלאַך.

איין קינד האַלט אַ שטיק ראַזעווע ברויט און אַרום אַיהם, שטעהען דריי קלענערע פאַר איהם און ער טיילט זיך מיט זיי. דעם אַביסען, יענעם אַ ביסען און זיך אַ ביסען. ניט זי אַ פרעג:

—קינדערלאַך, וואו איז אייער מאַמע?
—ביי דער ארבייט, ענטפערען אַלע מיט אַמאָל.
—וואָס אַרבייט זי?
—זי וואַשט וועש!
בלייבט ביי איהר אַז זי וועט קומען שפּע-טער

זי קומט אַ היים, טרעפט זי די וועשין. זי קוקט זיך איין אין איהר פּנים, לויטער, שעהן, פריש און געזונט, בלוט שפּריצט איהר פון די באַ-קען, דערקענט זי, אַז דאָס איז די מאַמע פון די קינדערלאַך, ווייס זי ניט, צו איז דאָס אַ חלום אָדער זי זעהט דאָס טאַקע אויפ'ן וואָהר, נור איידער זי קומט צו זיך, איז די וועשין שוין אַוועק אַהיים.
זי האָט קוים דערלעבט, ס'זאָל נאַכט ווערען קומט דער מאַן אַהיים, גיט זי איהם אַ זאָג:

עסען איז ניטאָ וואָס, שלאָפען קען מען ניט קום. ווילען מיר געהען צום שטיבעלע.

געהן זיי ביידע פון שטאָדט אַרויס, זעהט שוין די פרוי אויך, אַז דאָס ליכט שיינט אַרויס פון שטי-בעלע מיט אַזאַ העלער שיין, פרעהלאַך, אַ מחיה צו קוקען, זיי קומען אַריין, דערפרעהט זיך ווידער דער ברודער:

—טייערער ברודער, זיסער ברודער, ליבער ברו-
דער! —

די רייכע פרוי דערזעהט די אָרעמע פרוי ווי
יענע שטעהט; טיילט די קינדער עסען און אַלע
וואַרטען מיט פרעהליכע פנים'ער, מיט אויסגע-
שטרעקטע הענטעלאַך אויף אַ רייפטעל ברויט מיט
אַ קווערטעל וואַסער, דערקענט זי איהר וועשין און
לאָזט אַראָב דאָס פנים פאַר בושה.

נור די אָרעמע פרוי בעט זי זיצען.

—וואָס נאָט האָט געגעבען, זאָגט זי; וועט
זיין אין איינעם. און זי זעצט זיי ביידען אוועק,
גיט זיי עסען און טרינקען און די רייכע עסען
און קוויקען זיך.

נאָכ'ן עסען גיט די רייכע אַ זאָג:

—פאַר וואָס עסט זיך דאָ מיט אַזאַ אַפּעטיט?

—ווייל מיר אַרבייטען זיך גוט אָן, פאַר'ן עסען,
ענטפערט די אָרעמע און לאַכט.

—און פאַר וואָס איז ביי אייך אַזוי פרעהלאַך?
פרעגט ווידער די רייכע:

די קינדערלאַך, זאָלען געזונד און שטאַרק זיין.
ענטפערט די אָרעמע. וואָס קען נאָך מאַכען שענ-
נער און פרעהליכער אַ הויז, אויב נים קינדער?

דערווייל האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם מיט
אַ גוס רעגען האָבען זיי געמוזט בלייבען נעכטיגען.

די אָרעמע האָבען פאַר די רייכע געמאַכט א געלעגער אויף דעם הילצערנעם בעטעל, דאָס איינציגע וואָס ס'געווען, און אַליין האָבען זיי זיך געלעגט אויף דער ערד מיט אַלע קינדער, אויף אַ קופּע שטרוי איבערגעשפּרייט מיט אַ ווארעטע און דאָס אָנטהון צו קאָפּענס, ס'האָט ניט געדויערט קיין סך און אַלע האָבען אָנגעהויבען כראָפּען, אפילו די רייכע זענען באַלד איינגעשלאָפען.

---

אין מיט'ן דערנאַכט האָט די רייכע עפּעס אַ חלום געהאַט, אַ שעהנער חלום, אַ וואוילער חלום, נור זי האָט זיך אין מיט'ן חלום אויפגע-כאַפּט און פערגעסען.

ווי זי וואַרפט זיך דורך, דערזעהט זי, ווי די אָרעמע פרוי שטעהט שוין אויף און געהט צו צו יעדענס צוקאָפּענס, גיט יעדען קינד אַ קוש, און נעמט פון איהם אַרונטער דאָס לייבעלע און ציעט אַרויס פון אונטער'ן צוקאָפּענס דאָס אָנטהון. און די קינדער הערען אפילו ניט, נור שלאָפען געש-מאַק.

דערשרעקט זי זיך און גיט אַ געשריי.

—וואָס מהוכתו?

—שרעקט זיך ניט, ענטפערט די אָרעמע,
ביז זיי וועלען אויפשטעהן, וועלען זיי צוריק האָבען
די העמדעלאַך אויף זיך און דאָס אָנטהון צוקאָפּענס.

און אַזוי ווי זי רעדט, שטעלט זי זיך אַוועק
איבער אַ באַליע העמדלאַך און וואַשט און דרעהט
און לעגט טריקענען, און אַלין אַזוי געטריי, אַזוי
שנעל ווי אַ מאַמע קען.

אַז דער רייבער ברודער איז איינגעשלאָפען
איז איהם די באָבע ווידער געקומען צו חלום און
זאָגט איהם:

—קינד מיינס, האָסטו געזעהן ווי לייט לעבען?

—יאָ, באָבעניו, ענטפערט ער איהר.

—נו, וועמען איז בעסער?

וויל ער איהר ענטפערען און פרעגען אַן עצה
נור ער קען ניט רעדען, און די באָבע שטעהט
אַנטקעגען, ווי אַ לעבעדיגע מיט'ן פרום פנים, פול
מיט קנייטשעלאַך, וואָס גיבען איהר צו דעם זיעבע-
טען חן און זי זינגט איהם אין אויער אַריין:

—איין גאָט האָט אַייך בעשאַפען!

—איין מאַמע האָט אַייך געטראָגען!

—איין ברוסט האָט אַייך געזויגען!

און נאָבאַנאַל דאָס אייגענע, און צום סוף
ניט זי איהם אַ זאָג:

—היינט, אַז דו ווילסט וועלען, וועסטו האָבען די רפואה, און זי ווערט ניט און ער כאַפּט זיך אויף.

ח

דער ברודער איז שוין אָנגעטהון, פערטיג צו דער אַרבייט.

—וואוהין געהסטו, אַזוי פריה?

—אַרבייטען, ברודער, ענטפערט ער און שמייכעלט.

—וואָס איז דיין אַרבייט? פרעגט ער איהם.

—כ'טראָג ציגעל און בויע הייזער.

טראַכט ער און טראַכט, דער רייכער און ניט אַ זאָג:

—אפשר וועסטו נעהן היינט צו מיר אַרבייטען?

—אויך רעכט, ענטפערט דער אָרעמער.

נעהמט דער רייכער און פיהרט איהם אַוועק צו זיך און ווייזט איהם זיין פּאַלאַץ, ער פיהרט איהם אוים אַלע קעמערלאַך און פרעגט איהם:

—אַזאַ פּאַלאַץ קענסטו אויפשטעלען?

—יאָ, ענטפערט דער אָרעמער, עס איז מיר ניט דאָס ערשטע מאָל', נור עס דאַרף קאָסטען אַ פערמעגען.

—דאָס מאַכט ניט אוים, ענטפערט דער רייכער, נעם זשע און שטעל זיך אַרבייטען, איך וועל דיר אויך העלפען, דו קענסט מיך אויסלערנען.

קען אָבער דער אָרעמער קיין עולות ניט פער-

ליידען, רופט ער זיך אָן-זאָלסט אויף מיר קיין פאַר-
איבעל ניט האָבען, ליעבער ברודער, קיין קינדער
האָסטו ניט, בכך הכל זענט איהר צוויי נפשות, צו
וואָס דאַרפסטו נאָך אַ פּאַלאַץ?

דערמאָנט זיך דער רייכער פּלוצלונג דאָס ליע-
דעלע וואָס די באָבע האָט איהם אין חלום געזונגען
און ער גיט אַ זאָג:

—איין נאַט האָט אונז בעשאַפען!

—איין מאַמע האָט אונז געטראָגען!

—איין ברוסט האָט אונז געזויגען!

און ער פאַלט דעם אָרעמען ברודער אויפ'ן האַלז
און קושט איהם, און גלעט איהם און צואוויינט זיך
פאר שמחה:

—טייערער ברודער, זיסער ברודער, ליעבער
ברודער!

דער אָרעמער שטעהט ווי פערשטיינערט, ער
גלויבט זיך ניט די אויגען.נור דער רייכער רעדט ווייטער:

—אין קבר וועל איך דאָס ניט מיטנעמען.
דו האָסט אַ שטוב מיט קינדערלאַך. לאָמיר לעבען
אינאיינעם אַז מיר וועלען אויפשטעלען נאָך אַזאַ
פּאַלאַץ, טהו מיר צוליעב מיין ברודער.

באַלד קומט אויך אָן די רייכע פרוי און פיהרט
די אָרעמע אונטער'ן אָרעם, מיט אַלע קינדערלאַך
און רופט זיך אָן צו איהר מאַן:

—וואָס וועלען מיר דאָ טהון אַליין? עלענד ווי אַ שטיין, אָהן אַ קינד אָהן אַ רינד אויף דער גרויסער וועלט. זאָלען זיי וואוינען מיט אונז אינאיינעם. וועט כאָטש זיין פרעהליכער, און זי ענדיגט—כ׳האָב טאַקע געזעהען היינטיגע נאַכט די באָבע אויך אין הלום, אַ יאָ, ס׳אַ גוטער סימן?

אַזוי ווי די קינדער האָבען דערזעהען דאָס שעהנע פּאַלאַץ מיט די שעהנע קוויטען, האָבען זיי זיך שטאַרק דערפרעהט און פאַר גרויס שמחה האָבען זיי זיך גענומען אַלע פאַר די הענטלעך און האָבען אָנגעהויבען טאַנצען און זינגען:

—איין נאָט האָט אונז בעשאַפען!

—איין מאַמע האָט אונז געטראָגען

—איין ברוסט האָט אונז געזויגען!

אַז דער רייכער האָט דאָס דערהערט האָט ער פערשטאַנען אַז כ׳איז אַ בעשערטע זאַך, האָט ער זיי אַ-ריינגעפיהרט אין פּאַלאַץ, האָט געמאַכט אַ פיינע סעודה, צוטיילט זיין עשירות אויף הלקים, יעדען קינד אַ חלק, די אָרעמע זענען אופגערעכט געוואָרען. זיי איז גוט און אונז איז נאָך בעסער.



# א מאל איז געווען א מלך



מיין מלך איז דער מלך פון אלע מלכים אין דער וועלט
און זיין קיניגרייך איז אין הימעל און אויף דער ערד, ענטפערט
דער אלטעטשקער.




# אַמאָל איז געווען אַ מלך

א

אַמאָל איז געווען אַ מלך, דער מלך האָט געהאַט אַ מלכּה, און ביידע האָבען געקעניגט איבער הונדערט און זיבּען און צוואַנציג מדינות, און זיי האָבען געהאַט אָהן שיעור אינזלען און טייכען, וועלדער און פעלדער, קנעכט און דיענסטען, שטערען זעהער און בשוטה מאַכערס, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלך מיט אַ מלכּה.

און געלעבט האָט דער מלך מיט דער מלכּה ווייט, ווייט פון זייַנע אונטערטהאַנען, אויף אַ הויכען באַרג, צווישען בוימער אין אַ קריסטאַלענעם פּאַלאַץ, וואָס האָט געהאַט טרעפּ פון מאַרמעל שטיין און גראַניט און ווענט פון שפּיגלען, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלך מיט אַ מלכּה.

און אַז דער מלך מיט דער מלכּה האָבען געעפענט די אויגען אין דער פריה, זייַנען צעהן שקלאַפען שוין געלעגען אויף זייערע קניה פאַרטיג צו טאָן זייער בעפעהל. איז דער מלך, אָדער די מלכּה ניט געזונט געווען, זענען צעהן פּראָפעסאָרען געשטאַנען פאַרטיג

זיי צו-היילען. האָט אַ מענש זיך פאַרזינדיגט פאַר דעם מלך אָדער דער מלכּה, זיינען צעהן תליונים געשטאַנען פאַרטיג מיט אַ פערצויגענעם שטריק דעם פאַר'משפט'ען צו הענגען.

דעם מלך'ס פּאַלאַץ האָט געהאַט צעהן אייזערנע טויערען און יעדער טויער איז געווען פאַרריגעלט מיט צעהן ריגלען און פאַרשלאָסען מיט צעהן שלעסער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּאַלאַץ פון אַ מלך מיט אַ מלכּה.

ב

**א**יין זאך האָט געפעהלט אין דעם פּאַלאַץ, אַ קינד, וואָס זאָל איבער הונדערט און צוואנציג יאָהר ירש'נ'ען די שטעדט און דערפער, די קנעכט און דיענסטען, די שטערען זעהר און מכשפים, און די הונדערט און זיבען און צוואַנציג מדינות, וואָס האָבען געהערט צו דעם מלך מיט דער מלכּה.

איז אַוועקגעגאַנגען אַ יאָהר, צוויי און דריי און דער מלך איז ברוגז געוואָר'ען אויף דער מלכּה.

-וואָס קומט מיר אַרויס פון מיין גאַנצען קעניגריך, אַז מיין קרוין וועט נאָך מיין טויט אַרויפגעזעצט ווערען אויף אַ פרעמדענס קאָפּ און מיין נאָמען וועט אָבגעווישט ווערען פון מענשענס געדעכעניש, גיב מיר אַ קינד, וואָס זאָל קעניגען נאָך מיר! האָט דער מלך געזאָגט צו דער מלכּה.

—מיין ליעבער מלך, האָט די מלכה געענטפערט, טהו איך דען ניט תמיד דיין ווילען, ווייסטו דען ניט אַז איך אַליין וואָלט געווען די גליקליכסטע אין דער וועלט ווען איך זאָל דיר געבוירען אַ קינד?

איז געגאַנגען דער מלך און האָט געשיקט רופען צעהן פון די בעסטע דאָקטוירים אין זיין שטאָדט און האָט זיי געזאָגט:

—אויב איהר זענט אמת'ע דאָקטוירים, מוזט איהר ווימען פאַר וואָס מיין מלכה האָט נאָך ביז איצט ניט געבוירען קיין קינד און איך בעפעהל אייך, אַז איהר זאָלט מיר אויסהיילען מיין מלכה, איך גיב אייך אַ יאָהר צייט און עס זאָל מיר געבוירען ווערען אַ קינד, ווי עס פאַסט פאַר אַ מלך מיט אַ מלכה.

די דאָקטוירים האָבען געגעבען רפואות און עס איז אַריבער אַ חודש און צוויי און אַ יאָהר און די מלכה האָט נאָך אַלץ קיין קינד ניט געהאַט.

איז געגאַנגען דער מלך און האָט ווידער געשיקט רופען די צעהן דאָקטוירים און האָט זיי געפרעגט:

—וואָס האָט איהר אויפגעטאָן אין דעם יאָהר צייט, וואָס איך האָב אייך געגעבען?

—אדוני מלך!—האָט געענטפערט איינער פון די צעהן, אַ גרייז גרויער מאַן, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר דעם בעסטען דאָקטאָר אין דער וועלט—עס טהוט מיר זעהר לייד דיר צו זאָגען, אַז דיין מלכה איז ניט

קראַנק נור זי קען קיינמאָל קיין קינד ניט האָבען. און
קיין דאָקטאָר קען איהר ניט העלפען.

איז דער מלך אין כעס געוואָרען און האָט גלייך
אויפ'ן שטעל אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל:

אַלע צעהן דאָקטוירים זאָל מען אָבהאַקען די קעפּ!

און אַזוי איז באַלד געשעהן.

ג

און עס איז ווידער פאַראיבער אַ יאָהר. צוויי און
דריי. איז געגאַנגען דער מלך, האָט געשיקט רופען
צעהן פון די בעסטע שטערען זעהערס פון זיין לאַנד און
האָט זיי געזאָגט:

—איהר קענט אַלע שפּראַכען, איהר פערשטעהט
אַלע קענטנישען. מוזט איהר פרעגען ביי די שטערען, אויב
איך וועל האָבען אַ יורש, וואָס זאָל טראָגען מיין קרוין
און זיצען אויף מיין טראָן. ווי עס [illegible]ט פאַר אַ מלך מיט
אַ מלכה. איך גיב אייך אַ יאָהר צייט.

איז פאַראיבער אַ חודש. צוויי. דריי. אַ יאָהר, איז
געגאַנגען דער מלך און האָט געשיקט רופען די שטערען
זעהער און האָט זיי געפרעגט:

—וואָס האָט איהר אויסגעפונען? וועל איך האָ-
בען אַ יורש ביי מיין לעבען?

האָט זיך אויפגעשטעלט דער עלטסטער פון די
שטערען זעהער וואָס האָט געהאַט אַ שם פאַר דעם בע-
סטען אין דער וועלט און האָט געענטפערט:

— אדוני קעניג! אַ גאַנץ נעהענדיג יאָהר האָבען מיר ניט געהערט דורך די נעבעט און האָבען געזוכט אַ שטערען אין דעם הימעל, וואָס זאָל געהערען צו דיין משפחה. צו דיין הויז געזינד, אַ אינגעל אָדער אַ מיידעל, אָבער עס טהוט אונז אַלעמען זעהר לייד, קענסט מיט אונז טאָן וואָס דו ווילסט. אָבער דיר איז קיין קינד באַשערט.

איז דער מלך נאָך מעהר אין כעס געוואָרען און האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל:

—אַלע צעהן שטערען זעהער זאָל מען אויסשטעכען די אויגען!

און אַזוי איז באַלד געשעהן.

ד

און עס איז ווידער אַריבער אַ יאָהר און צוויי און דריי, איז געגאַנגען דער מלך און האָט געשיקט רופען די צעהן גרעסטע מכשפים און האָט זיי געזאָגט:

—ביי אייך זיינען די שליסלען פון אַלע בייזע ווינטען און אַלע קראַנקהייטען און איהר ווייסט, וואו עס וואַקסען אַלע זיסע גראָזען און ביטערע קרייטיכער, גיב איך אייך אַ יאָהר צייט און עס זאָל מיר געבאָרען ווערען אַ קינד, וואָס זאָל ירש'ענען מיין טראָן ווי עס פאַסט פאַר אַ מלך מיט אַ מלכה.

האָבען די מכשפים געזאָגט צעהן שפּרוכען און האָבען זיך צושיידט אויף צעהן ווענט און יעדער מכשף

האָט געקליבען צעהנערליי זיסע גראָזען און צענערליי ביטערע קרייטיכער אין צעהן פוסטע וועלדער און ווים-טע פעלדער און וואַסערלאַך האָבען זיי אָנגעבראַכט פון צעהנערליי קוואַלען און די מלכה האָט דאָס געגעסען און געטרונקען אַ חודש אָן צוויי און דריי ביז עס איז פאָראיבער דאָס יאָהר.

איז נעגאַנגען דער מלך און האָט ווידער געשיקט רופען די צעהן מכשפים און האָט זיי געפרעגט:

—וואָס האָט איהר געטאָן אַ גאַנץ יאָהר? וואו איז מיין יורש?

האָט זיך אויפגעשטעלט דער עלטסטער פון די מכשפים און האָט זיך פערנויגט פאַר דעם קעניג ביז צו דער ערד און האָט געזאָגט:

—אדוני מלך! אַזוי ווי דו האָסט אונז איסגעקלי-בען צעהן מכשפים האָט יעדער פון אונז געזאָגט צעהן שפרוכען און מיר האָבען זיך צושיידט אַויף צעהנערליי וועגען און דערנאָך האָבען מיר אָנגעקליבען צעהנערליי זיסע.גראָזען און ביטערע קרייטיכער אין צעהן פוסטע וועלדער און ווימטע פעלדער און איצט שטעהען מיר אַלע פאַר דיר און זאָגען דיר דעם ריינעם אמת, דיר איז קיין קינד ניט באַשערט צו האָבען און מיר זיינען גרייט צו שטאַרבען אויף דיין בעפעהל.

איז דער מלך נאָך מעהר אויפגעבראַכט געוואָרען און האָט באַלד געגעבען אַ בעפעהל:

—שיסען!

און אַזוי איז באַלד געשעהן.

ה

איז ווידער פערלאָפען אַ יאָהר און צוויי און דריי און די מלכה איז פון האַרץ וועהטאָג קראַנק געוואָרען, און דער מלך איז תמיד געווען בייז און צאָרנדיג.

ויהי היום, טרעפט זיך, איינמאָל האָט אין יענער מדינה פערבלאָנדזשעט אַן אַלטער איד מיט אַ ווייסע לאַנגע באָרד און פאות, און געגאַנגען איז דער איד איבער די הייזער און האָט געבעטען אַ נדבה.

און אין יעדען הויז, וואוהין דער אלטעטשקער איז אַריינגעקומען, האָט ער געזעהן, אַז די מענשען זענען שטאַרק בעזאָרגט, גיט ער אַ פרעג:

—וואָס זענט איהר אַזוי בעזאָרגט?

דערצעהלט מען איהם, אַזוי ווי דער מלך מיט דער מלכה האָבען קיין קינדער ניט האָט דער מלך שוין אויסגעהרג'עט אַלע דאָקטוירים, אַלע שטערען זעהערס, אַלע מכשפים און עס העלפט ניט. רופט זיך אָן דער אָרימאַן:

—געהט זאָגט דעם מלך, אַז עס איז-געקומען אַ מענש פון אַ פרעמדער מדינה און ער קען זיך אונטערנעמען צו היילען די מלכה, אַז זי זאָל האָבען אַ קינד.

אַז די מענשען האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך שטאַרק דערפרעהט אין מען האָט גלייך געלאָזט וויסען

דעם מלך אַז עס געפינט זיך נאָך איינער וואָס זאָגט אַז ער קען איהם העלפען.

האָט דער מלך געשיקט אַ קאַרעטע מיט דריי פּאָר פערד געשפּאַנט נאשפּיין און מען האָט דעם אידען געבראַכט פאַר דעם מלך, דער מלך האָט איהם בעטראַכט, האָט־ער איהם אַ פרעג געגעבען:

—ביזטו אַ דאָקטאָר?

—ניין—ענטפערט דער אַלטעטשקער—נאָט איז אַ רופא חולים.

פרעגט איהם ווידער דער מלך:

-ביזטו אַ שטערען זעהער?

ענטפערט ווידער דער אַלטעטשקער:

—ניין. גאָט שטעלט אויס די שטערען און גאָט לעשט זיי אויס.

—ביזטו אַ מכשף?-פרעגט דער מלך שוין אונרוהיג.

ענטפערט דער אַלטער:

—כשוף איז ניט קיין ריינע זאַך, מען טאָר אין דעם ניט גלויבען.

—וואָס זשע דען ביזטו פאָרט?—שרייט דער מלך, און וויל שוין בעפעהלען מען זאָל דעם אַלטען פאַרברענען לעבעדיגערהייד, ווייל ער האָט דעם מלך געמאַכט צום נאַר.

דערשרעקט זיך אָבער דער אַלטער ניט און

ענטפערט:

—איך בין אַ איד!

דערהערט דער מלך דאָס וואָרט „איד" ווערט ער אַ דערצאָרענטער און שרייט:

—אין מיינע מדינות געפינען זיך ניט קיין אידען, ווי האָסטו געוואַגט צו קומען אין מיין פּאַלאַץ?

ענטפערט דער איד:

—ווער ביזטו דען?

—איך בין דער מלך איבער הונדערט און זיבען און צוואַנציג מדינות, און אויף מיין וואָרט וואַרטען בע-דינער אָהן אַ צאָהל, און ווער עס רעדט מיר איין וואָרט אַנטקעגען יענער ווערט באַלד געטויטעט.

שמייכעלט דער אַלטעטשקער און זאָגט:

—אדוני מלך! עס קען זיין, אַז דאָס וואָס דו האָסט ערשט געזאָגט, איז מאַקע אמת. נאָר איך האָב אַ שעהנערען און אַ גרעסערען און פיעל רייכערען מלך פאַר דיר, און אַז דו וועסט מיר שלעכטס טהאָן וועט מיין מלך דיך בעשטראָפען.

געפעלט דאָס דעם מלך וואָס אויף דער וועלט געפינט זיך אַ נאַר, וואָס נעמט זיך אַלע פרייהייטען צו רעדען פאַר'ן מויל וואָס ער וויל, אפילו אַנטקעגען אַ מלך און ער גיט איהם אַ פרעג אויף שפּאַס:

—ווער איז דיין מלך, און וואו געפינט זיך ערגעץ זיין קעניגרייך?

ענטפערט דער אַלטעטשקער:

—מיין מלך איז דער מלך פון אַלע מלכים אין דער וועלט, און זיין קעניגרייך איז אין הימעל און אויף דער ערד. זיין טהראָן שטעהט אין זיבעטען הימעל און גרייכט מיט די פיס צו דער ערד, זיינע מיניסטאָרען זענען די מלאכים און זיינע אונטערטאַנען זענען אַלע בעשעפענייזען פון דער גאַנצער וועלט.

—דו רעדסט זייער קלוג—האָט דער מלך געענטפערט און האָט דעם אלטעטשקען געבעטען זיצען און פרעגט איהם ווייטער:

—ווי אַזוי משפט דיין מלך? איז ער אַ בייזער, אַ צאָרענדינער, אָדער אַ גוטער, אַ וויכהערציגער?

—ענטפערט דער אַלטעטשקער:

—מיין מלך משפט מדה כנגד מדה, מיט שלעכטע איז ער שלעכט, מיט גוטע איז ער גוט.

—ווי אַזוי קענסטו מיר דאָס בעווייזען?— טענה'ט דער מלך.

—דאָס איז שוין בעוויזען—ענטפערט דער אָלטעטשקער—ביז איצט האָסטו געפיהרט מלחמות, האָסטו אויסגע'הרג'עט די בעסטע, שעהנסטע זיהן פון דיינע מדינות, דערפאַר שטראָפט דיך גאָט און דו האָסט קיין קינדער ניט.

זאָגט דער מלך:

—בעוויז מיר נאָך אַ צייכען, אַז וואָס דו זאָגסט איז אמת.

געהט דער איד צו צום פענסטער, וואָס איז געווען אָפען און האָט אַרויסגעקוקט צום ים, און גיט איהם אַ זאָג:

—ווי אַזוי רופט זיך דער ים?

—דער שוואַרצער ים—ענטפערט דער מלך.

זאָגט דער אַלטיטשקער:

—גיב נור אַ קוק, ווי זעהט אויס דער ים?

געהט דער מלך צו צום פענסטער און גיט אַ קוק, ער גלויבט זיך זיינע אויגען ניט—בלוט רויט איז דער ים און ער זידט און קאָכט מיט אַ בלוטיגער שוים, אַז עס כאַפּט איהם אָן אַ שוידערליכער גרויל צו קוקען...

—זעהסט — ענטפערט דער אַלטיטשקער—אַ ים מיט בלוט האָסטו אין דיינע מלוכות פערגאָסען. און דאָס בלוט קען זיך ניט איינשטילען ביז די וועסט ניט חרטה האָבען, און תשובה טאָן.

דערווייל גיט דער מלך אַ קוק אין שפּיעגעל. זעהט ער, אַז ער איז שוין אַלט, די האָר פון קאָפּ גרוי, דאָס פּנים געל און צוקנייטשט, הויבט ער אָן צו וויינען און פאַלט אויף די קניה.

—ביז היינט—זאָגט ער צום אַלטיטשקען—

האָב איך דיין מלך ניט געקענט, נאָר היינט קען איך איהם שוין, און איך וויל מיט מיין גאַנצען האַרצען תשובה טאָן, אָבער איך בין שוין אַלט און וועל שוין אין גיכען מעהר ניט קענען קעניגען, ווען איך זאָל קענען לאָזען אַ יורש אויף מיין טראָן, וואָלט ער אפשר גוט געמאַכט דאָס, וואָס איך האָב איבערגעפיהרט. איז נאָך מעגליך, אַז איך זאָל האָבען אַ קינד?.

—ביי גאָט איז אַלעס מעגליך—ענטפערט דער אַלטער.

און ערהערט דער מלך האָט זיך אומגעקוקט, איז דער איד ניט געוואָרען

— ו —

אַז דער מלך איז געבליבען אַליין, איז ער גע-פאַלען אויף זיינע קניה און האָט אויפגעהויבען ביידע הענט צום הימעל און האָט תפילה געטאָן אַזוי צו זאָגען:

—גאָט אַלמעכטיגער, מלך פון אַלע מלכים, איך האָב געזינדיגט, ווייל איך האָב ניט געוואוסט, ווי אַזוי צו קעניגען, איצט דערקען איך מיינע שלעכטע מעשים, גיב מיר אַ זוהן און איך וועל איהם לערנען געהן אין דיינע וועגען, ער זאָל נור טאָן גוטעס צו די מענשען.

און דערנאָך האָט דער מלך אויסגעטאָן זיין גאָל-דענע קרוין און צוריסען זיינע פורפור זיידענע קליידער און האָט געפאַסט צעהן טעג און צעהן נעכט.

און אַז זיינע אָנגעשטעלטע האָבען איהם

געבראַכט צינז פון זיינע אונטערטאַנען, האָט דער קעניג אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל:

—דער הימעל געהערט צו גאָט און די ערד צו די מענשען. זאָלען די מענשען בעארבייטען די ערד און לעבען רוהיג און פריידליך, ווי גאָט האָט געבאָטען.

און די מאַמעס, וועמענס זיהן זיינען געפאַלען אין מלחמות, די אלמנות און די יתומים, האָט דער מלך געגעבען הייזער און פעלדער, שאָף און רינדער צו פערלייכטערען זייער שמערץ און צו פאַרגרינגערען זיי דאָס לעבען.

און אַז עס איז געקומען שניט צייט, האָט דער מלך זיך אָנגעטאָן אין פויערשע קליידער און מיט אַ שניט מעסער אויפ'ן אַקסעל איז ער אומגעגאַנגען איבער די פעלדער און געאַרבעט פלייסיג מיט אַלעמען צוגלייך.

אַזוי איז פאַראיבער אַ יאָהר, צוויי און דריי, ביז דער מלך איז געוואָרען זעהר אַלט, און ער האָט זיך געמוזט לעגען צו בעט.

ער איז אָבער געלעגען רוהיג און צופריעדען. יעדען טאָג האָט ער געהאָפט צו הערען די גליקליכע בשורה, אַז די מלכה האָט אַ קינד געבאָרען.

אַ טאָג פאַר זיין טויט, איז אַריינגעקומען אַן אַם און האָט איהם צוגעטראָגען אַ קליין שעהן אינגעלע. און מיט טרערען אַין די אויגען האָט זי פאַר איהם

געבעטן און געזאָגט:

— אדוני מלך! די מלכה האָט דיר געבאָרען אַ יורש פאַר'ן טראָן.

דער מלך האָט זיך געשמייכעלט:

— זאָג דער מלכה, אַז גאָט האָט געגעבען!

און דער מלך האָט געקושט דאָס קינד און איז רוהיג איינגעשלאָפען.

ווי ער האָט נאָר צוגעמאַכט די אויגען, איז דער אַלטיטשכער צוריק אויסגעוואַקסען אַנטקעגען איהם:

— איצט—זאָגט דער אַלטער—איז געקומען אַ צייט, אַז דו זאָלסט איבערלאָזען פאַר דיין יורש אַ צואה.

און דער מלך האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— ז —

האָט דער מלך פעררופען צו זיין קראַנקענבעט אַלע זיינע מיניסטאָרען, די קלוגסטע און געלערנטסטע און עלטסטע מענשען פון זיין לאַנד, און האָט צו זיי געזאָגט:

— די צייט איז געקומען, ווען איך דאַרף זיך שיידען פון דער וועלט, און אַזוי ווי גאָט האָט מיך אויף דער עלטער געבענטשט מיט אַ יורש פאַר מיין טראָן, וויל איך איהם איבערלאָזען אַ צואה, נעמט און שרייבט, וואָס איך וועל אייך הייסען.

האָט דער מלך גערעדט און די מיניסטאָרען האָבען געשריבען:

—מיין קינד, זוי ווייסען. אז עס איז פאראן א גרעסערער מלך פאר דיר, וואס קעניגט איבער הימעל און ערד, איבער אלע בעשעפענישען, און דער מלך צאלסט מדה כנגד מדה, זאלסט ניט פיהרען קיין מלחמות און ניט פערגיסען קיין בלוט. זאלסט ניט אויסגעבען קיין טויט שטראף ביי דיין לעבען און אין שנים צייט זאלסטו געהן אין פעלד און ארביטען מיט אלעמען גלייך און מעהר פאר אלעס זאלסטו געדענקען, אז א מענטש לעבט ניט אייביג. און א קעניג איז אויך א בשר ודם, היינט איז ער דא און מארגען אין קבר.

דער מלך איז אנשווינגען געווארען און די מיניסטאר'ען האבען איהם דורכגעלייענט, וואס ער האט אנגעשריבען אין זיין צואה.

—ויעט דער מלך איצט שוין ארויפלעגען זיין זי-געל? האט דער עלטסטער פון די מיניסטארען געפרעגט.

—נאך איין זאך וויל איך צושטעלען—האט דער מלך געענטפער'ט.

—אזוי ווי מיין הילף איז געקומען דורך מיין גלויבען און מיין גלויבען איז געקומען דורך א אידען, וויל איך, אז אלע מדינות זאלען עפענען ברייט זייערע טויערען פאר אלע אידען און עס זאל זיי געמאן ווערען גרויס חסד, אזוי לאנג, ווי אין מיינע מדינות וועט קעני-גען מיין קינד, אדער קינד'ס קינד.

דערנאך האט דער מלך צוגעלענט זיין זיגעל און

האָט זיך געהייסען אַריינרופען די מלכה מיט דעם יורש.ביידע זענען אַריינגעקומען און דער מלך האָט אַליין אי־בערגעלעזען זיין צואה פאַר דער מלכה, האָט אַ קוש געטאָן זיין קינד און שטיל און רוהיג איז ער איינגע־שלאָפען אויף אייביג מיט אַ גליקליכען שמייכעל אויף די ליפען.

און אַלע אלמנות און יתומים און דאָס גאַנצע פאָלק האָבען דעם מלך באַגלייט צו זיין אייביגער רוה און האָבען איהם אמת באַוויינט, און זיין קבר האָבען זיי באַציערט מיט לאָרבער קראַנצען און קומענדיג צוריק פון דער לויה, האָט זיך דאָס פאָלק פאַרזאַמעלט אַרום דעם קעניגס פּאַלאַץ און געשריען:

— דער קעניג איז טויט, ס'זאָל לעבען דער קעניג!

און נאָך היינט צו טאָג אין יענע מדינות, לעבט נאָך אַ קינד'ס קינד פון יענעם מלך, וואָס פיהרט ניט קיין מלחמות, נאָר פיהרט זיך נאָך דער צואה, און אַלע זענען גליקליך, וואָס אַמאָל איז געווען אַ מלך.



עס פארפארטיגט זיך צום דרוק

2טער און 3טער באַנד

# מעשה׳לעך

פאַר אידישע קינדער

פון י. ל. מאלאמוטה

מיט דערצעהלונגען פון אידישען הדר,

אויך אַ סעריע יום טוב׳דיגע מעשיות.

מיט באַשטעלונגען זיך צו ווענדען

אין

פערלאַג „מעשה׳לעך"

1512 פרענקלין עוו.



